אבראם ראזענשטיין

# אן עמעסע מאיסע

(פאר קינדער און פאר גרויסע)



פאריז
1945

אבראם ראזענשטיין

# אַ מעסע מאַיסע

(פאַר קינדער און פאַר גרויסע)



פּ אַ ר י ז

1945

איך ווידמע פאר ענגלאנד, מיין מוטער־לאנד, פון וועלכער איך בין אין דער קינדהייט אפגעריסן געווארן דורכן לעבנס־אוראגאן, וועלכער האט צעשפרייט אונזער פאמיליע, פארשלונגען אויף שטענדיק מיין ברודער און מיך פארווארפן אין די וויטע לענדער פון דער וועלט.

איך ווידמע פאר פראנקרייך — די היימאט פון מיין אומפאר־געסלעכן ברודער — אין דער ערד פון וועלכער ער האט געפונען זיין אייביקע רו.

איך ווידמע אויך פאר מיין ברודער אליין, מיין פריינד, וועלכער איז אומגעקומען פאר מיינע אויגן אין פאריז אויפן פלאץ נאטר דאם, וועלכער איז פאר מיר געווארן א הייליגטום.

עס איז אַמאָל געווען אַ ייִנגל - ציִנגל, ער האָט געהאַט אַ קלענערן ברודער. זיי האָבן געוווינט מיטן פֿאָטער, מיט דער מוטער אין אַן אָרעם שטיבעלע האַרט בײַם ים.

דאָס ייִנגל — ציִנגל האָט שטאַרק ליב געהאַט זײַן ייִנגערן ברודערל. זיי זײַנען געווען אומצוטײלבאַרע פֿרײַנט.

אַמאָל זײַנען זיי אַוועק מיטן פֿאָטער שפּאַצירן לענג אויס דעם יאַם־ברעג.

דער פֿאָטער האָט אַרײַנגעזעצט די קינדער אין אַ שיפֿל, וועלכע איז געשטאַנען אויפֿן ברעג, און אַליין איז ער אַוועק אין שטוב נאָך די רודערס, כּדי דורכצופֿירן אַביסל די קינדער.

— „גיב אַכטונג אויפֿן ברודער" — האָט געזאָגט דער פֿאָטער צום ייִנגל — ציִנגל, — „איך וועל באַלד קומען, — איך וועל ברענגען די רודערס".

און דער פֿאָטער איז אַוועקגעגאַנגען.

פּלוצלינג איז אָנגעקומען אַ שטורעם, אַראָפּגעריסן דאָס שיפֿל און עס אַוועקגעטראָגן אין אָפֿענעם יאָם.

דער קלײנינקער ברודערל פֿונם ייִנגל — ציִנגל האָט געהאַלטן זײַן ניי־היטעלע, וועלכע דער פֿאָטער האָט אים באַלד פֿאַר דעם גע־שאָנקען, און האָט עס אַרויסגעלאָזן פֿון האַנט. דאָס היטעלע איז אַרײַנגעפֿאַלן אין יאָם. דאַן האָט ער זיך אַריבערגעבויגן אויפֿן ראַנד פֿון שיפֿל כּדי אָנצוכאַפּן דאָס היטעלע, ער האָט זיך אָבער נישט אײַנגעהאַלטן און האָט אָנגעהויבן צו פֿאַלן אין יאָם. פֿאַלנדיק אָבער האָט ער זיך פֿאַרטשעפּעט מיט זײַן העמדל און איז געבליבן הענגען איבערן יאָם. דאַן האָט זיך דאָס ייִנגל־ציִנגל אָנגעכאַפּט מיט אײן האַנט בײַם העמדל, כּדי עס אָפּצוטשעפּן, און מיט דער אַנדערער — פֿאַר די האָר פֿונם ברודער. האַלטנדיק קרעם ברודער אין די הע ט, האָט דאָס ייִנגל־ציִנגל, ניט מיט זײַן שטימע געשריען, גערופֿן דעם פֿאָטער: -- „טאַטע, טאַטינקע, העלף!" — דער פֿאָטער האָט אים אָבער ניט געהערט. דאָס ייִנגל־ציִנגל האָט האָט זײַן ברודער ניט אײַנגעהאַלטן. יענער איז אַרײַנגעפֿאַלן אין יאָם דערטרונקען זיך. די גרויזאַמע כוואַליעס האָבן אים פֿאַרשלונגען און פֿאַרטראָגן אין ווײַטן טעהאָם פֿון יאָם.

דער קלײנער ברודערל איז ניט געוואָרן. בלויז אַ בינטל האָר איז פֿון אים געבליבן אין האַנט פֿון דעם ייִנגל־ציִנגל.

ביטער, ביטער האָט דאָס ייִנגל־ציִנגל געוויינט און געקוקט אויף די האָר אין זײַן האַנט, וואָס איז איבערגעבליבן פֿון זײַן ברודער.

דאָס ייִנגל־ציִנגל האָט די האָר באַהאַלטן, ווי אַ טײַערן אָנדענק פֿון זײַן ברודער, אָפּצוהיטן עס זײַן גאַנץ לעבן. —



טאטע, טאטינקע העלף . . .

לאנג, לאנג האָט נאָך דאָס ייִנגל־ציגנל גערופן זיין פאָטער, נאָר אויף זיין רוף, אויף זיינע געשרייען האָט זיך קיינער ניט אָנגערופן.

נאָך דער יאַם האָט אַרום און אַרום געברילט און די שטורמדיקע כוואַליעס האָבן פאַרטראָגן דאָס שיפל אויף ווייטער און ווייטער אין יאַם, ווייט פון ייִנגל־ציגנלס היימאַט.

אין זיין טרייסטלאָזן צאַער האָט דאָס ייִנגל־ציגנל געוויינט און געהאַלטן אין איין איבער־כאַזערן : — „אַ, ווי שולדיק איך בין פאַר מיין ברודער, וואָס איך האָב אים ניט איינגעהאַלטן, ווי עס וועלן זיך עם מצאַער זיין אונזער פאָטער און מוטער” —

און ער האָט געליטן פאַר זיין ברודער און פאַר זיינע עלטערן, וועלכע ווערן איצטער אַזוי דערשלאָגן אין זייער גרויסן צאַער און טרויער.

דערווייל האָבן די כוואַליעס דערטראָגן דאָס שיפל צום ברעג פון עפּיס אַ גרויסן אינזל.

דער דאָזיקער אינזל איז געווען באַוווינט פון שלעכטע באַשעפענישן, ענלעכע אויף מענטשן.

זיי האָבן טייקעף אָנגעכאַפּט דאָס ייִנגל־ציגנל און אָנגעהויבן זיך נויקעם צו זיין איבער אים.

— „אַ, ענדלעך ביזטו צו אונדז אַריינגעפאַלן, אומווירדיע וואָרם”

— האָבן די שלעכטע באַשעפענישן יובלנדיק אויסגעשריען.

— „זעט, מיינע הערן, אָט ווער עס איז שולדיק אין אַלץ, וואָס אין אונזער מעדינע איז אומרו, וואָס אין איר איז ניטאָ קיין אָרדנונג, וואָס אונזערע שקלאַפן בונטעווען זיך, ווילן אונז ניט אונטערוואַרפן זיך. אָט דער קלייניקער וואָרם רייסט אונז אַרונטער אונזער אי זי און צוליב אים קענען מיר ניט איינשטעלן ביי אונז אונזער פולשטענדיקער מעמשאָלע און פרייד. — ער פאַטערט אונז דעם גאַנצן אייסעק.

— „אַנטשולדיקט, ביטע, דזשענטלמענס, האָט דאָס ייִנגל־ציגנל העפלעך געזאָגט. איך בין אַהער אַריינגעפאַלן קעגן מיין ווילן. מיך האָט געטראָפן אַן אומגליק. איך האָב פאַרלאָרן אין יאַם מיין ברודער און די כוואַליעס האָבן פאַרטראָגן מיין שיפל אַהער. לאָזט מיך אָפּ אויף דער פריי און איך וועל אַוועק אין מיין געבורטס־לאַנד.

דאַן האָבן אַלע אַרויסגעברילט : — „שווייג, שווייג, מיר דאַרפן ניט דיינע מאַיסעס, מיר ווייסן שוין וואָס פאַר אַ ברודער דו האָסט פאַרלאָרן. איצטער וועסטו זיך שוין פון אונזערע הענט ניט אַרויסרייסן. מיר וועלן דיר ווייזן ווי אַזוי מען דאַרף אונז דינען און אונטערוואַרפן זיך. — דערביי ביזטו אַזוי לעבערלעך, אַז עס איז, כ׳לעבן, ניט שלעכט צו פאַרוויילן זיך איבער דיר און זיך לוסטיק מאַכן.

און די שלעכטע באַשעפענישן האָבן אַוועקגעשלעפּט דאָס ייִנגל־ציגנל אין וואַלד.

זיי האָבן אים געצוווּנגען שווער צו אַרבעטן אויף זיי און עסן האָבן זיי אים קימאַט ניט געגעבן.

שווער אַרבעטנדיק האָט דאָס ייִנגל־ציגנל געלעבט אין הונגער ; ער האָט בלויז געזען זופּ פון קאַרטאָפל־שאָלן און אַליין האָבן די בייזע באַשעפענישן נאָר געוווּסט צו שיקערן און איינצואָרדנען הולאַנקעס.



אָ, ענדלעך ביזטו צו אונז אַריינגעפאַלן

זיי האָבן, ניט נאָר כוויזעק געמאַכט פון יינגל-צינגל, נעבעך, נאָר זיי האָבן אים אויך געשלאָגן און געריצט מיט באַליידיקנדיקע ווערטער און געשפּאָט איבער אים. נאָר, וואָס איז ערגער פון אַלץ — זיי פלעגן אויפן יינגל-צינגל אַרויפוואַרפן פאַרשיידענע אומפאַרדינטע באַשולדיקונגען אין דעם, אַז אין אַלע זייערע מיסדערפאַלן זיינען שולדיק, ניט זיי אַליין, נאָר אינגאַנצן דאָס יינגל-צינגל.

און זייער גאַנצע מאַכט, פאַרוואַנדלענדיק אין שלעכטס, האָבן די בייזע באַשעפעניש געלאָזן אין גאַנג, נויקעם זייענדיק זיך איבערן יינגל-צינגל, וועלכער האָט ערלעך געהאָרעוועט, אַרבעטנדיק אויף זיי פאַר זייער פוסטן לעבן.

אַזאַ לעבן איז פאַרן יינגל-צינגל געוואָרן אומדערטרעגלעך. ער האָט אַלץ שטאַרקער געדייגעט און געבענקט נאָך זיין היימאַט, נאָך זיין ברודער. דאָס יינגל-צינגל האָט געטראַכט נאָר וועגן איין זאַך: ווי אַזוי צו אַנטלויפן אַהין, אין זיין היימאַט, ווי אַזוי צו געפינען, אַרויסקריגן פונם יאַם-דעק דעם אומגעקומענעם ברודער.

אַזוי זיינען אין שווערער געפאַנגענשאַפט אַריבער אַ יאָר נאָך אַ יאָר, און דעם יינגל-צינגל האָט זיך אַלץ נישט איינגעגעבן אַרויסצורייסן זיך פון זיינע פאַרשקלאַפער.

אַמאָל איז אין דעם אָרט אין וואַלד, וווּ דאָס יינגל-צינגל האָט געאַרבעט, געקומען צעפליען אַ קליינינקע פייגעלע און האָט אַזוי זיס אָנגעהויבן צו זינגען, אַז ביים יינגל-צינגל האָבן זיך גענומען גיסן טרערן פון די אויגן. דאָס איז געווען אַ ליד פון זיין געבורט-לאַנד, וועלכעס ער האָט אַמאָל, שוין לאַנג, אַליין געזונגען און געשפּילט אויפן פידל פאַר זיין ברודערל.

— „אָ, גוטע פייגעלע, האָט אויסגעשריען דאָס יינגל-צינגל. דו זינגסט אַ ליד פון מיין געבורט-לאַנד, קענסטו מיר ניט זאָגן אין וועלכער זייט איז מיין געבורט-לאַנד?" — ווי אַזוי אַרויסצורייסן זיך פון דאַנעט, פון דער דאָזיקער געפאַנגענשאַפט און דערשלאָגן זיך צו מיין היימאַט, צו מיין ברודער, וועלכן איך האָב פאַרלאָרן?

דאָ, זעסטו, פייגעלע, פון מיין ברודער זיינע געבליבן בלויז האָר און איך וועל זיי היטן אַזוי לאַנג, ווי איך וועל לעבן.

— דאָס אַלץ איז גוט, האָט געזאָגט דאָס פייגעלע, נאָר דו דאַרפסט וויסן, מיין ליבער יינגל-צינגל, אַז דיינע צאָרעס הייבן זיך, איינגנטלעך, ערשט אָן. זייער פיל צאָרעס שטייען דיר נאָך פאָר. דו דאַרפסט נאָך אַ טרינק טאָן פאַרשיידענע אַנדערע ביטערהייטן פון לעבן, דעם טאַם פון וועלכע דו האָסט נאָך ניט דערקענט. דיינע צאָרעס וועלן וואַקסן, פאַרגרעסערן זיך און ציען זיך לאַנגע, לאַנגע יאָרן. אָט, ווען דו וועסט זיי קענען געדולדיק איבערטראָגן, אויב דו וועסט זיך אַרויסווייזן שטאַרקער און וועסט זיך ניט אונטערגעבן דער קראַפט קעגן וועלכער דו דאַרפסט קעמפן און וועלכע וועט דיך וועלן צוזאַמענברעכן, ערשט דאַן, באַזיגנדיק איר, וועסטו קענען דערגרייכן די פרייהייט און דאָס, צו וואָס דו שטרעבסט. און ביז דעם דאָזיקן טאָג, ביז דער דאָזיקער שעה, ביז דו וועסט אַלץ נישט דורכמאַכן, וועט דיר בעסער ניט זיין און קיינער איז ניט בעקויעך דיר צו העלפן.

— „איך אליין בין לאנגע יאָרן געזעסן אין שטייג און האָב פיל געליטן, נאָר עס איז געקומען די צייט און איך בין ארויסגעפלויגן פון געפאַנגענשאַפט און בין אוועקגעפלויגן, ווען יענע ביי וועמען איך בין געווען אין געפאַנגענשאַפט, האָבן אמאָל פאַרגעסן צו פאַרמאַכן דאָס טירל פון מיין שטייגל.

— „איך קען דיר בלויז מיטטיילן, ליבער יינגל, ווען דעם, אז אויפן צווייטן עק פונם אינזל וווינען מענטשן, צו וועלכע איך פלעג אויך קומען זינגען. זיי זיינען אזעלכע האָרעפּאַשניקעס, ווי דו. באַמי דיך צו אנט־לויפן צו זיי. און איר אַלע פאַרייניקנזיכדיק צוזאַמען וועט קענען ביי־קומען די סאָנים, וועלכע דריקן אייך. אויב דיר וועט געלינגען ארויס־צורייסן זיך פון זיי, אז די האָר פון דיין ברודער, וועלכע דו האַלסט, וועלן באַלויכטן דיין פינצטערן וועג.

— „זיי געזונט, מיין ליבער יינגל־צינגל, מעגלעך, אז מיר וועלן זיך אמאָל מיט ... ר באַגעגענען, און מיט די דאָזיקע ווערטער איז דאָ ססבייגעלע אוועקגעפל... .

און אָט איינמאָל, ווען די בייזע באַשעפענישן האָבן זיך נאָך זייערע הולאַנקעס שטאַרק איינגעשיקערט, און האַרט איינגעשלאָפן, האָט דאָס יינגל־צינגל פאַרנאַנדערגעבונדן זיינע פּענטעס, גענומען און אַנטלאָפן. לאַנג בלאָנזשענדיק אין פינסטערן וואַלד, האָט ער זיך סאָף־קאָל־סאָף דערשלאָגן צום אַנדער עק פונם אינזל, וווּ עס האָבן געוווינט די האָ־רעפּאַשנע מענטשן און האָט אָנגעהויבן צו וווינען מיט זיי. און דאָן האָט ער געפונען אויך זיין מוטער.; עס איז אריבער נאָך עטלעכע יאָר. דאָס יינגל־צינגל האָט זיך שטאַרק באַפריינדט מיט אַלע אונטערדריקטע האָ־רעפּאַשנע מענטשן, און זיי אַלע, פאַרשטענדיקנדיק זיך צווישן זיך, האָבן באַשלאָסן ארויסצום־עטן אין קאַמף קעגן זייערע אונטערדריקטע פאַר זייער באַפרייונג.

נאָר צו יענער צייט זענען פון א שכיינעסדיקן לאַנד פון אינזל אָנ־געקראָכן שלאַנגען און האָבן אָנגעהייבן צו צוקן די האָרעפּאַשנע מענטשן, מיט וועלכע דאָס יינגל־צינגל האָט געוווינט.

דריי יאָר, צוזאַמען מיט זיינע פריינד, האָט זיך דאָס יינגל־צינגל געשלאָגן מיט די געפערלעכע שלאַנגען.

די שלאַנגען זיינען אָבער נישט געווען בעקויעך בייצוקומען די מענטשן און זיינען צוריק אוועקגעקראָכן אין זייערע לעכער.

נישט באַוויינדיק צו פאַרענדיקן דעם קאַמף מיט די שלאַנגען, איז דעם יינגל־צינגל מיט זיינע פריינט אויסגעקומען אריינצוטרעטן אין א נייעם קאַמף קעגן די בייזע באַשעפענישן, וועלכע עס האָבן זיי געדריקט אויף יענעם אינזל, ווו זיי האָבן געוווינט.

נאָך דריי יאָר זענען אוועק אין גרויזאַמען קריג פאַר דער באַפרייונג פונם אינזל פון דער מאַכט און העפּקיירעס פון די בייזע באַשעפענישן פאַר דער איינשטעלונג אויף דער אינזל גערעכטיקייט און א בעסער לעבן פאַר די מענטשן.

אָפּהאַלטנדיק א ניצחון און פאַרטרייבנדיק די סאָנים, האָבן די האָרעפּאַשנע מענטשן צוזאַמען מיטן יינגל־צינגל אָנגעהייבן צו בויען א נייעם בעסערן לעבן.

צושטערנדיק די אַלטע אָפּגעלעבטע אָרדנונג און בייקומענדיק אַלע שוועריקייטן ביים שאַפן אַ ניי לעבן, האָט דאָס יינגל־צינגל, צוזאַמען מיט אַלע זיינע פריינד, אין מעשעך פון די יאָרן פון זייער פריינדשאַפט, דערגרייכט נייע ניצכוינעס און האָט דעם אָפּגעשטאַנענעם אינזל פאַרוואַנדלט אין אַ שטאַרקע מעכטיקע מעלוכע. און דערמיט האָט שטאָלצירט דאָס יינגל־צינגל.

נאָך פון דער צייט, וואָס ער האָט פאַרלאָרן זיין ברודער און זיין ערשטע היימאַט, האָט ער די גאַנצע צייט געטראָגן אין זיך זיין אייגענעם אומגליק. דער בייזער גורל האָט ניט אויפגעהערט אומבעראַכמאָנעסדיק צו פּלאָגן דעם אָרעמען יינגלצינגל. דער פאַרגאַנגענער אומגליק, וועלכער האָט זיך אויף אים אָנגעוואָרפן פון זיין קינדהייט, האָט אים באַהערשט, איז געפלויגן און געבאַלעבאַטעוועט איבער אים אַלע יאָרן און אויסער דעם האָבן זיך נייע אומגליקן אויף אים געשאָטן — גאַנצע הויפנס.

אים איז באַשערט געווען צו פאַרזוכן פיל אַנדערע צאָ־עס, פיל פאַרשיידענע שרעקלעכע געשעענישן.

און אין מעשעך פון זיין גאַנצן לעבן האָט אים געפייניקט דאָס באַוווסטזיין, אַז ער איז שולדיק פאַרן דערטרונקענעם ברודער און אַז ער איז ניט בעקויעך צו געפינען, אַרויסצוקריגן פונם יאַם־דעק זיין קערפּער, קעדיי אים מעקאַבער צו זיין און אויף זיין קייווער אַוועקצושטעלן אַ מאַציייווע.

וועגן דעם האָט ער אַלץ מער און מער געכאַלעמט און צו דעם אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער געשטרעבט.

די יאָרן זיינען געגאַנגען. און ווידער, שוין ניט נאָר אויפן אינזל, וו עס האָט געוווינט דאָס יינגל־צינגל, נאָר איבער דער גאַנצער וועלט איז אָנגעהאָנגען אַ שוואַרצער וואָלקן. עס האָט געדראָט אַ נייע סאַקאָנע.

אין דער דאָזיקער שביינעסדיקער מעדינע פון אינזל, וו פריער האָבן געגעסטערט שלאַנגען, מיט וועלכע דאָס סיינגל־צינגל האָט געקעמפט דריי יאָר, האָבן זיך ווידער באַוויזן און פאַרמערט אַנדערע שרעקלעכערע שלאַנגען — שלאַנגען־טייוואָלים.

זיי האָבן מעקאַנע געווען דעם גוטן לעבן אויף די פרעמדע אינזלען און האָבן באַשלאָסן ווידער זיי אָפּצונעמען פון די גוטע מוטיקע מענטשן, וועמען די דאָזיקע אינזלען האָבן געהערט.

און אַזוי האָבן טאַקע די שלאַנגען־טייוואָלים געמאַכט. זיי פלעגן באַפאַלן איין אינזל נאָכן צווייטן, זיי באַהערשן, ברענגען מיט זיך טויט און צעשטערונג. און ווען דאָס אַלץ האָט זיך זיי איינגעגעבן, האָבן זיי באַשלאָסן אָנצופאַלן אויך אויף יענעם מעכטיקן אינזל, וו עס האָט גענוווינט דאָס יינגל־צינגל מיט זיינע פריינד.

און אַם אַמאָל ביינאַכט, ווען אַלע זיינען נאָך געשלאָפן, האָבן די דורכגעטריבענע שלאַנגען־טייוואָלים באַפאַלן אויך דעם אינזל טאַקע.

און דאַן האָט זיך צעפלאַקערט אַ מילכאָמע, ניט אויף לעבן, נאָר אויף טויט. עס איז געוואָרן אַ עמעסער גיהענעם.

עס האָבן זיך צוזאַמענגעכאַפט מענטשן מיט שלאַנגען־טייוואָלים און



א מילכאָמע האָט זיך דאַן צעפּלאַקערט . . .

טייכן בלוט האָבן זיך גענומען ניסן. נאָר די העלדישע איינוווינער פון אינזל צוזאמען מיטן יינגל־צינגל האָבן, אין שטארקן צאָ־ן און האָס געהארגעט און צוזאמענגעבראָכן די שלאַנגען־טייוואַלים.

די שרעקלעכע שלאַכט מיט די שלאַנגען־טייוואַלים האָט זיך צע־ברענט אַלץ מער און מער.

שלאָגענענדיק און הארגענענדיק די שלאַנגען־טייוואַלים און גייענדיק אַלץ פאָ־ויס און פאָרויס, האָט אמאָל דאָס יינגל־צינגל דערהערט הינטער זיך עמיצנס טריט. עמיצער האָט אים אָנגעיאָגט און אַ זאָג געטאָן מיט אַ באַקאַנטער שטימע:

„גוט מאָרגן, יינגל־צינגל".

לייכט אַ ציטערטוענדיק און אָפּקערנדיק זיך אַ הינטער, האָט דאָס יינגל־צינגל דערזען פאַר זיך אַן אַלטיטשקע, ענלעך אויף זיין פאַר־שטאָרבענער מוטער, וועלכע איז אוועק מיט אים גלייך און פאַרגעזעצט צו ריידן צו אים בעזע האַלאָשן:

— „גיי פאָרויס, יינגעלע מיינער, שלאָג די שלאַנגען־טייוואַלים, טרעט איבער זייערע קערפּערס, וואָס מיט דיר וואָלט ניט געשען, דאַרפסטו קענען אַלץ בייקומען. ווי שווער עס וואָלט ניט געוועזן דיין וועג, דאַרפסטו גיין.

דיין לעבן וועט זיין פול מיט די שרעקלעכסטע ניסיוינעס. דו וועסט זיך שלאָגן מיט די שלאַנגען - טייוואַלים טויזנט טעג און טויזנט נעכט, נאָר דו וועסט קעמפן און גיין אַלץ פאָרויס און פאָרויס.

דיינע פיס וועלן דיר ברענען, זיי וועלן ווערן באַדעקט מיט בייל‎ן און פאַרשידענע וואונדן, אָבער דו מוזט גיין ווייטער. דו וועסט זיין אויסגעשעפּט, וועסט פאַלן פון מידקייט, הייב דיך אָבער אויף און גיי ווייטער פאָ־ויס. דו וועסט זינקען אין זומט און אין וואַסער, דו וועסט פאַרברענט ווערן פון היץ און דורשט, דו מוזט אָבער אויך דאָס ביי־קומען, ביז דו וועסט דערגיין צו אַ ברונעם, וווּ עס וועט זיין אַ ביסל וואַסער

דו וועסט פאַרפרוירן ווע־ן, פאַרגליווערט ווערן פון קעלט. די פרעסט וועלן דורכדרינגען דיין קערפּער דורך און דורך און דו וועסט שרייען פון פאַרפרוירונגס־ווייטיק, אָבער דאָס איז נאָך ניט אַלץ. דו וועסט פאַ־זוכן דעם טעם אויך פון הונגער. וועסט אויך ניט קענען שלאָפן. אומפּליי וועלן אין אַן אומגעהויערער צאָל אַרומקריכן איבער דיר. זיי וועלן דיך בייסן און גריזן. קאַדאָכעס וועט דיך מאַטערן.

נאָ־ דאָס אַלץ וועט דיר אויסזען, ווי נאַרישקייטן, אין פאַרגלייך מיט דער שווערער אַרבעט, מיטן גראָב־אייזן, רידל און ביקס, וועלכע דו מוזט אויספילן.

ווי שווער עס זאָלן ניט זיין די סבאַדינגונגען, אין וועלכע דיר וועט אויסקומען דורכצופירן די דאָזיקע אַרבעט — צי אין שטורם, אינאַ זאַ־ווערוכע, צי אין אייז־קאַלטער וואַסער, אָדער אונטער אַ גוס־פייער פון די לאַנגע־טייוואַלים, אַלץ איינס מוזטו די אַרבעט אויספילן גוט און צי דער צייט.

שטרענג אַז, מיין יינגעלע, אַלע דיינע קויכעס פאַר דעם.

ווען די טויזנט טעג און טויזנט נעכט פון דיין פאַרויסגיין אויף דעם דאָזיקן וועג וועלן קומען צום סאָף, דאַן, מיין ייִנגעלע, וועלן זיך אָנהויבן פאַר דיר נייע, נאָך שווערערע און שרעקלעכערע ניסיונעס.

— דו וועסט פאַלן אַ באַזיגטער און דאַן וועסטו זיך ווינטשן דעם טויט, וועסט אים רופן. נאָר דער טויט וועט זיך אויך איבער דיר ניט מרחם זיין און וועט זיך אויף דיין רוף ניט אָפּרופן. דיין צייט צו שטאַרבן איז נאָך ניט אָנגעקומען. דער מאָמענט פון אויסלייזונג פון דיין פּיין איז נאָך פּריצייטיק. דו האָסט נאָך דעם קאָס פון ליידן ניט אויסגעטרונקען ביזן דעק.

און ווען דו וועסט ליגן אין שטויב און בלוט מיט צושלאָגענע ביינער אין קערפּער, דאַן וועלן דיך די שלאַנגען־טייוואָלים אָנכאַפּן און וועלן דיך אָנהייבן צו שטיקן און פּייניקן.

עס וועט דיר ווי טאָן זיי וועלן ברענען דיין קערפּער און וועלן זיך לוסטיק מאַכן איבער דיר.; דאַן וועלן זיי דיר אוועקשלעפּן צו אַן אָנגעגליטן אויוון, קעדיי דיך לעבעדיקערהייט אַריינצוּוואַרפן אין פייער.

און אַט, אויב דו וועסט קענען דאָס אַלץ בייקומען און אויסמיידן, דעם פייער פון אויוון, וועסטו ווידער דערהערן דעם רוף פון דיין ברודער אָפּקלינגען פון די מעקוימעס, ווי ער רוט.

אויב דו וועסט קענען אַרויסרייסן זיך פון די שלאַנגען־טייוואָלים, איז דאַן, ווי מיד און אויסגעשעפּט דו זאָלסט ניט זיין נאָך דער לאַנגער געפּאַנגענשאַפט, שלאָג דיר דורך פאָרויס.

אָבער זאָלסט ווּיסן, אַז צו דיינע ניסיונעס איז נאָך קיין סאָף ניט געקומען.

דיין וועג וועט נאָך זיין לאַנג און דויערנד. ער וועט דיר אויסזען, ווי אַן אייביקייט, ווייל ער פאַרבאָרגט אין זיך די לעצטע און גרעסטע סאַקאָנע — די באַגעגעניש מיט די שלאַנגען־טייוואָלים, וועלכע קענען ~~דיך ווידער~~ אָנכאַפּן.

דו מוזט דורכגיין צווישן בערג און פינסטערע וועלדער, ווו עס וועלן אַרומקריכן די שלאַנגען־טייוואָלים, וועלכע אַנטלויפן פון פייער און פון די מענטשן, וועלכע פאַרפאָלגן זיי און פירן מיט זיי אַ קאַמף.

די געפאַר אַרום דיר וועט האַלטן אין איין וואַקסן. נאָר ריזיקיר, גיי פאָרויס.

ווען דו וועסט בלאָנדזשען איבער די וועלדער און דו וועסט זיך ניט פאַרלירן, וועט דאַן דאָס פויגעלע ווידער קומען צופליען צו דיר און וועט דיר אויפזינגען דאָס ליד פון דיין געבורטס־לאַנד.

ערשט דאַן וועסטו זיך דערוויסן, אַז דו ביסט דערגאַנגען און ביסט נאָנט פון די אַלע פאַר דיר הייליקע ערטער, ווו דו האָסט אַמאָל געוווינט מיט דיין פאָטער, מוטער און ברודער.

ערשט דאַן וועט דיר ווערן באַקאַנט און דו וועסט דערפילן, אַז דו געפינסט זיך נאָנט פון דעם זעלבן ברעג, איבער וועלכן דו האָסט דעם לעצטן מאָל — מיט פופציק יאָר צוריק — געטראָטן, שפּאַצירנדיק מיטן פאָטער און מיטן ברודער ביז דער שלימאַזלדיקער שאַ, ווען דער פאָטער האָט דיך געלאָזן מיטן ברודער אין שיפל, אָנזאָגנדיק דיר, אַז דו זאָלסט אַכטונג געבן אויפן ייִנגערן ברודער.

דאָס וועט זיין דער זעלבער ברעג, פון וועלכן דו ביסט אָפּגעריסן געוואָרן דורכן אָנגעקומענעם שטורם און פאַרטראָגן אין יאַם, ווו דו האָסט פאַרלאָרן דיַם ברודער.

און ווייטער וועט זיין אויך דער ברעג, ווו די יאַם־כוואַליעס האָבן אַרויסגעוואָרפן דיין ברודערס קערפּער און ווו ער איז געקומען צו קװורע.

אָבער די אַלע פאַר דיר טייערע ערטערע וועלן זיין פאַרבאָרגן פון דיר דורך א פייער־פאָרהאַנג פון דער פאָרגעקומענער שלאַכט צווישן די מענטשן און די שלאַנגען־טייוואַלים.

קעדיי צוצוקומען צו דעם קאַנט, ווו עס וועלן זיך געפינען דיינע פייערן.

היימישע ערטער און די מענטשן, וועלכע קעמפן מיט די שלאַנגען־טייוואַלים, מוזטו בייקומען די לעצטע סאַקאָנע — דורכגיין ... יישן צוויי

אויב דו וועסט דורך צווישן די צוויי פייערן זאָן בלייבן גאַנץ, וועט דאַן זיך אָנהייבן דאָס ליכט און דו וועסט דערזען דיינע מיטברידער, וועלכע זעצן פאָר דעם קאַמף מיט די שלאַנגען־טייוואַלים, און גיין פאָרויס, קעדיי צו ברענגען באַפרייונג אַלע מענטשן, וועלכע שמאַכטן נאָך אין געפאַנגענשאַפט ביי די שלאַנגען־טייוואַלים.

באַגעגענענדיק דיינע מיטברידער, נעם דיך צו דער אַרבעט, העלף זיי דערשלאָגן דעם סוינע. ערשט ,ווען דו וועסט זען די שלאַנגען־טייוואַלים פיינערנדיק, דאַן וועסטו צוטרעטן צו די זוכונגען פון דיין ברודערס קייווער.

אָבער דאָ דאַרפסטו זיך ווידער אָנשטויסן אויף די שווערסטע אויפגאַבע, געהיימע, ווו, אין וועלכן אָרט געפינט זיך דער קייווער פון דיין ברודער, וואָס איז פאַר דיר הייליק.

פאַר דעם צוועק וועסטו מוזן אויסזוכן אין יענעם לאַנד איינעם פון די פּילצאַליקע לאַגערן (דעפּאָ), וועלכער וועט זיין אָנגעפילט מיט טויזנטער קעסטעלעך. און אָט אין איינעם פון זיי וועט זיך געפינען א שליסל.

אויב דו וועסט געפינען און קענען אַרויסקריגן דעם שליסל, ערשט דאַן וועסטו קענעסן מיט אים אויפדעקן דעם סאָד, ווו עס געפינט זיך די טרומנע פון דיין ברודער.

טאָ אייל דיך, מיין ליבער יינגל, באַמי דיך צו געפינען דיין ברודער. לאַנגע יאָרן, ווי ער ליגט אין קייווער.; ער שמאַכט אַלץ, ער וואַרט, אַז דו — זיין ברודער — זאָלסט אים קומען באַוויינען.

ע־שט נאָכדעם, ווען דו וועסט אים קענען אויסזוכן, וועט זיך שליסן דאָס לעצטע זייטל פון דיין טונקעלער לעבנס־געשיכטע און דאַן וועט אָנקומען דער ליכטיקער טאָג פון דיין פאַרייניקונג מיטן ברודער אין הימאָט.

און דאַן וועסטו דערהערן אין דער פולער מאָס די קלאַנגען פון יענער גרויסער פרייד, וועלכע וועט אָפּקלינגען אין דער גאַנצער וועלט.

דאָס וועלן זיין די קלאַנגען פון דעם ערשטן זייטל נייער געשיכט פון דער געראַטעוועטער מענטשהייט .דאָס וועט זיין דער יאָנטעף פון ניצאָכן איבער די שלאַנגען־טייוואַלים.



די פֿייערונג פֿון דעם זיג



ענדלעך בין איך דערגאנגען ביז דיר, מיין ליבער ברודער . . .

# „פון דער פארגאנגענהייט ביז היינט“

קאפיטל פון אן אונגעדרוקטער דערציילונג

„גאט האט געראטעוועט“

צו די שווערע באדינגונגען פון אונזער לעבן אין רוסלאנד, זיינען צוגעקומען נייע ליידן. דאס זענען די נאציאנאלע ראסן־פארפאלגונגען פון די יידן, פון וועלכע איך האב פריער גארניט געוווסט און פון וועלכע איך האב פריער ניט געהאט קיין שום אנונג, ניט אין מיין היימאט־לאנד, ניט אין ענגלאנד און אויך ניט שפעטער אין פראנקרייך.

איך בין דערצויגן געווארן אין אן אינטערנאציאנאלער סוויווע דאס הייסט אין א גייסט פון ליבע צו אלע מענטשן אן אונטערשייד פון זייער נאציאנאלער צוגעהעריקייט. מיר איז ביקלאל געווען אויסטערליש ווי אזוי קען מען פיינט האבן מענטשן נאר דערפאר, ווייל זיי געהערן צו דער אדער צו אן אנדערער נאציאנאלער גרופע.

איך האב ניט נאר מיטגעליטן און געהאט א טיפן מיטגעפיל צו די יידן, צו דעם אומגליקלעכן פאלק וועלכער איז צעזייט און צעשפרייט, ניט האבנדיק קיין אייגענע מעלוכע, נאר מיר איז אויך אויסגעקומען אויף מיין אייגענער הויט צו שפירן די באדינגונגען און פארפאלגונגען אויף די יידן אין זייער גאנצן פארנעם. אין קעגנזאץ צו דער לערע פון מוישע ראבייננו וועגן ליבע צו אלע מענטשן, דען אלע מענטשן זענען דאך ברידער. די דאזיקע לערע איז אין מיר טיף ארייננגדרונגען פון דעם מאמענט ווען איך בין געקומען צו מיין סייכל.

זייענדיק אין מיין כאראקטער עמפפינדלעך, האט מיין גאנצער געפיל געציטערט און זיך אנטקעגנגעשטעלט די ניט בארעכטיקטע און גרונד־לאזע רציחות, וועלכע ווערן אויסגעפירט אויף שוואכערע מענטשן וואס קענען זיך ניט פארטיידיקן — אויף פרויען, אלטע לייט און קינדער.

פארוואס ווערן מיר פארפאלגט ?

פארוואס מוז איך אויסשטיין אזוי פיל כארפעס באליידיקונגען, כוידעק ווו איך זאל נאר ניט קומען ?

אויף דער גאס האבן אונז באפאלן רוסישע יינגלעך און געווארפן אויף אונז, יידישע קינדער, שטיינער.

און איך האב זיך פארטיידיקט ; איך האב זיך געשלאגן מיט די יינגלעך, נאר ניט אזוי ווי די דערשראקענע קינדער, נאר ווי אן עמעסער אומדערשראקענער „מאכאבי“.

דאָס האָט מיר אין אַ געוויסער מאָס פאַרשאַפט רום ביי די קינדער, דען זיי האָבן מיך גערופן „דער העלדישער מאַכאַבי".

אין צוזאַמענהאַנג דערמיט, ווען פאַר מיר הויבן אָן פאַרבייגיין פאַרשידענע זיכרוינעס פון דעם אַלטן אָוועך, דערמאָן איך זיך אין איינע פון די אינטערעסאַנטסטע בילדער וועלכע האָבן זיך איינגעקריצט אין מיין זיקאָרן און אין מיין נעשאָמע — געמעלעך, דאָס בילד פון יאָסעף טרומפעלדאָר, דעם לעגענדאַרן העלד פון אונזער עפּאָכע, דעם בעסטן זון פון יידישן פאָלק, וועמענס נאָמען איז דאַן געווען אַזוי פּאָפּולער איבער גאַנץ רוסלאַנד.

איך האָב זיך מיט אים באַגעגנט און אים ליב געקראָגן, אַזוי ווי מען קען ליב האָבן אַ מענטשן־פריינד, אַ ברודער.

צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן האָב איך דאַן פאַרשטאַנען און געפילט וואָס דאָס הייסט פאַרגעטערן אַ מענטשן פון וועלכן עס שטראַלט אַרויס אַזוי פיל גוטס און שיינקייט, בעסער געזאָגט אַ באַזונדערע ליבע.

יאָ, דאָס איז געווען די ליבע, וועלכע יאָסעף טרומפעלדאָר האָט געפילט צום ברודער מענטש און צו זיין אונטערדריקטן יידישן פאָלק.

עס זיינען דאָ מענטשן, וואָס, זעענדיק זיי איינמאָל, קען מען זיי קיינמאָל מער נישט פאַרגעסן. זיי לאָזן איבער אַ טיפן איינדרוק אויפן דעם גאַנצן לעבן. צו זיי געהערט יאָסעף טרומפּעלדאָר. און דאָס געפיל האָט זיך ביי מיר נאָך מער פאַרשטאַרקט ווען איך האָב מיך נענטער באַקענט מיט זיין מישפּאָכע, ספּעציעל אין דער צייט ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן אין רוסלאַנד די כוואַליע פון יידישע פּאָגראָמען אין יאָר 1905.

מיר האָבן דאַן אין משעך פון אַ סאַך יאָרן געוווינט אין דער שטאָט ראָסטאָוו אויפן דאָן אויף איין הויף מיט דער פאַמיליע טרומפּעלדאָר מיט וועלכע מיר זענען אַנעוו, דורכן פאָטערס צאַד געווען פאַרוואַנדט.

געוווינט האָבן מיר דאַן אויף דער ניקאָלסקי גאַס נומער 185, ניט ווייט פון דעם צענטער און נייעם מאַרק ווו עס איז אויך פאָרגעקומען דער פּאָגראָם, אין יענע שרעקלעכע און אָנשטרענגפולע טעג, האָט זיך אונזער מישפּאָכע געגנוי ווי אַלע אַנדערע יידישע מישפּאָכעס, וועלכע האָבן געוווינט אויף אונזער הויף, זיך נאָך מער געפילט צוגעבונדן צו דער פאַמיליע טרומפּעלדאָר. מיר זיינען דאַן זייער אָפט געגאַנגען איינער צום אַנדערן, לאַנג געווען צוזאַמען, דען מיר האָבן מוירע געהאַט אַז אָט, אָט זאָלן זיך ניט אַריינרייסן די פּאָגראָמשטשיקעס.

יאָסעף איז צו יענער צייט ניט געווען אין דער היים. ער האָט נאָך געדינט אין דער אַרמיי, אין וועלכע רייען ער האָט געקעמפט קעגן די יאַפּאַנער אין דער צייט פון רוסיש־יאַפּאַנישן קריג, וועלכער האָט שוין געהאַלטן ביים סאָף. אין דער היים ביי זיי זענען דאַן געווען יאָסעפס פאָטער, זיין מוטער, זיינע צוויי שוועסטער ליובא און דאָראַ און זיין יינגערער ברודער — דער 9 יעריקער אַלפרעד. ביי אונז אַלעמען זענען די נערוון געווען זייער שטאַרק אָנגעשטרענגט און אָנגעשפּאַנט ווי אַ סטרונע; אַלע האָבן געפילט און זיך אָפּגעגעבן אַ דין וחשבון פון די גרויזאַמקייטן, וועלכע האָבן זיך דערטראָגן פון שטאָט. יאָסעפס פאָטער

װעלכער איז שוין צו יענער צײַט געװען גרוי, האָט זיך נאָך אָבער גוט געהאַלטן און געװען זײער ריסטיק. ער האָט פֿײַן געאַרבעט אין יידישן שפּיטאָל, געטראָגן די אוניפֿאָרם פֿון אַ מיליטערישן אַרמעע־פֿירער, װעלכער האָט אים געמאַכט ענלעך צו עפּעס גאָר אַ װאַזשנעם גענעראַל. ער האָט אונז אַלעמען געטרייסטעט און באַרואיקט, האַלטנדיק זײַן רעװאָלװער גרייט אין דער האַנט. יאָסעפֿס מוטער װאַקעגן, אַ היבע אָנגענעמע פֿרוי מיט אַ פּאַנעם פֿון װעלכן דאָס גוטסקייט האָט אַראָפּגעשײַנט, האָט אונז קעסיידער געזאָגט . „אה ! װען עס װאָלט יעצט געװען מיט אונז אונזער גרויסער העלד אָסיע (אַזוי האָט מען אויף רוסיש גערופֿן אין דער היים יאָסעפֿן) ער װאָלט אונז אַלעמען פֿאַרטיידיקט און געגאַנגען קעמפֿן מיט אונזער פֿײַנט. און נאָר װעגן יאָסעפֿן און אַרום יאָסעפֿן איז דאָס גאַנצע געשפּרעך געװען אין דער היים. אויף דער געשאַמע איז אָבער קעסיידער געװאָרן שװערער און שװערער. דער קלענער אַלפֿרעד — יאָסעפֿס ברודער, ניט פֿאַרשטייענדיק נאָך גוט װאָס אַרום אים קומט פֿאָר, האָט אָבער מיט זײַן קינדיש נאַאיװן האַרץ פֿאַרשטאַנען, אַז די לאַגע איז ניט קיין גוטע, איז אַרומגעגאַנגען איבערן צימער מיט אַן אײַזערנער פּרענט, װעלנדיק זיך שלאָגן מיטן פֿײַנד, װעלכער האָט באַדראָט אונזער לעבן.

זייענדיק קעסיידער אונטערן אײַנפֿלוס פֿון דער העלדישקייט פֿון יאָסעף טרומפּעלדאָר פֿון װעלכן מען האָט אַזוי אָפֿט גערעדט אין דער היים, האָב איך אויך באַקומען כײשעק צו פֿאַרטיידיקן אַקטיװ די אינטערעסן פֿון אונזער אומגליקלעכן יידישן פֿאָלק און זייענדיק נאָך דאָן זײער יונג, בין איך אַרײַנגעטרעטן אין די רייען פֿון דעם יידישן זעלבסטשוץ, װוּ איך האָב אויך באַקומען די ערשטע קאַמפֿס־טויפֿע, גענענדיק אַנטייל ביים אָפּשטויסן די ערשטע אַטאַקע פֿון די פּאָגראָמשטשיקעס אויף דער יידישער קאַר־שול.

צום גליק איז אויף דעם הויף, װוּ מיר האָבן געװױנט דער פּאָגראָם ניט פֿאָרגעקומען. כאָטש דער באַלעבאָס פֿון אונזער הויף, אַ געװיסער קוצעראַיעװ איז אַליין געװען אַ באַרימטער שװאַרץ־מײעניק, האָט ער פֿונדעסטװעגן, אַ דאַנק דעם אײַנפֿלוס פֿון דעם רוסישן גאַלעך צאַרינענקאָ, װעלכער האָט אויך געװױנט אויף אונזער הויף, בלײַב זיך ניט געפֿױעלט צו עפֿענען די דורך די יידן פֿאַרמאַכטע טויערן פֿון הויף, אין װעלכע די פּאָגראָמשטשיקעס האָבן געקלאַפּט אָן אויפֿהער. נאָר אַ דאַנק דעם דאָזיקן אומשטאַנד זענען אונזערע מישפּאָכעס געראַטעװעט געװאָרן פֿון דעם איבערפֿאַל.

אַ יאָר שפּעטער, דאָס הייסט אין יאָר 1906 האָט זיך אומגעקערט פֿון דער מילכאָמע אונזער באַרימטער העלד יאָסעף טרומפּעלדאָר, װעלכער האָט זיך אויף איר זײער שטאַרק אויסגעצייכנט, באַקומענדיק אַלע געאָרגיעװסקע אָרדערן און געװאָרן פֿון דאַן אָן פֿאַררעכנט אַלס אָפֿיציר פֿון דער רוסישער אַרמיי. לײדער האָט ער אין דער מילכאָמע פֿאַרלוירן איין האַנט. דאַן האָב איך צום ערשטן מאָל געזען פֿאַר מיר דאָס העלדישע בילד פֿון דעם מענטשן, װעלכער האָט זיך פֿון דאַן אָן אַזוי שטאַרק אײַנגעבאַקן אין מײַן זיקאָרן. און טרעפֿנדיק אים איינמאָל, האָב איך אים געזאָגט, אַז לויט מײַן אָפּשאַצונג, איז ער איינער פֿון די גרעסטע העלדן און אַ גרויסער זון פֿון אונזער יידיש פֿאָלק.

און ווי דען אנדערש ! אלע די געשעענישן, אלע פארפאלגונגען אויף די יידן, אלע דערציילונגען פון דער מוטער, ווי אפט דער קליינער אלטערער האט געוויינט פון די געשלעגערייען און באליידיקונגען וועלכע די יידן און די אנדערע יידישע קינדער פארשאפט געווארן מיצאד הוצראיעוום בעניעק און טאכשיט — האבן פאראורזאכט, אז יאסעף טרומפעלדאר איז אוועק אין דעם לאנד פון אונזערע עלטערן און וואס איז פון יידישן פאלק אוועקגערופן געווארן. ער איז אוועק קעדיי מיט קאמף צוריקבאקומען פארן יידישן פאלק די ערד, אונזער היימאט — ערעץ־יסראעל און אין קאמף פאר אט דער גרויסער זאך האט ער אפגעגעבן זיין לעבן און געפאלן מיטן טויט פון אן אומפארגעסענעם העלד.

דאס ליכטיקע בילד פון יאסעף טרומפעלדאר וועט קיינמאל ניט פארשווינדן פון זיקארן פון יידישן פאלק. ער וועט שטענדיק דינען פאר אן אייביקן ביישפיל און שטערן־וועגווייזער פאר יעדן פון אונז.

דער גרויסער ציל, די זאך פאר וועלכער יאסעף טרומפעלדאר האט געדינט און מאקריוו געווען זיין לעבן, וועט קיינמאל ניט שטארבן.

איצט, אין די טעג, דערמאנענדיק זיך פון דעם גרויסן העלד טרומפעלדאר, וועלכער איז אומגעקומען דורך די סאנים פון יידישן פאלק, דערמאנען מיר זיך, ניט ווילנדיק, אין די גרויסע קארבאנעס, וועלכע זיינען אומגעקומען דורך דעם סוינע פון דער גאנצער מענטשהייט — דורך היטלערן.

אבער איצט האבן מיר ווידער דעם גרויסן באווייז, אז, ווי אין פארלויף פון דער גאנצער געשיכטע פון דער מענטשהייט, זיינען אונזערע סאנים איצטער ווי אלע מאל צעשמעטערט געווארן, אבער דאס יידישע פאלק איז ניט אונטערגעגאנגען, איז לעבן געבליבן און וועט ווייטער פארזעצן זיין לעבן און זיין אנטוויקלונג.

פון די אלע ביישפילן, וואס די געשיכטע האט אונז געוויזן, וועלן מיר שעפן נייע קויכעס און א נייעם גלויבן אין דער צוקונפט.

ווען היטלער האט אויסגעפירט זיינע בלוטיקע מאסים איבער אונז, האט דאס יידישע פאלק בלויז איינס געקענט ענטפערן זיינע פייניקער:
הער אויס און פארגעדענק דו בלוטיקער סוינע אונזערער !

מיר זיינען געווען די ערשטע פון וועמען דו האסט אנגעהויבן די אויסראטונג, נאר געדענק, אז מיר וועלן זיין אויך די ערשטע, וועלכע וועלן ארויסרייסן פון דיינע בלוטיקע הענט דיין פארניכטונגס־געווער, וועלכע די שמידסט אין דיינע לאבאראטאריעס, קעדיי צו אונטערדריקן די פעלקער און פארכאפן די וועלט.

יא, מיר וועלן זיין די ערשטע אין דער גרויסער טאט, קעדיי צו פארהיטן די וועלט פון אונטערגאנג, פון דיר אליין און אלע איבעריקע מערדער וואס טוען דיר נאך, און קעדיי צו קענען אנגעבן דאס וועלכע געווער, ווען עס וועט זיין נויטיק, קענען דיר אליין, קעדיי א סאף צו מאכן צו אלע מילכאמעס און לאזן די מענטשהייט זיך אנטוויקלען אין גייסט פון פרייהייט.

דו, פארברעכער, דו האָסט געהאט אזא ביטערע אילוזיע. דו האָסט געמיינט, אז דו וועסט קענען פארניכטן דאָס יידישע פאָלק, ווי אויך אַלע איבעריקע פעלקער און וועסט דערפאַר ניט באשטראָפט ווערן. נאָר וויסן זאָלסטו, אז ניט דו און ניט אן אנדערער וועט קענען פארניכטן א גאנץ פאָלק.

דו האָסט אויפגעהויבן דיין שווערד קעגן א פאָלק וואָס האָט אין מעשעך פון זיין גאנצער געשיכטע קיינמאָל ניט אויפגעהויבן זיין געווער דער ערשטער..

דו האָסט צוגענומען דאָס סלעבן פון אונזערע אומשולדיקע יין און טעכטער. דו האָסט פארטרונקען די וועלט אין א יאם פון מענטשלעכן בלוט און טרערן.

נאָר וויסן זאָלסטו, אז ווי גרויס עס זאָל ניט זיין אונזער ווייטיק און אונזערע ליידן, ווי גרויס עס זאָל ניט זיין די גאָל פון אונזערע קאָרבאָנעס, וועט דאָך דער ניצאָכן זיין פאַר אונז.

מיר ווען זיך פארייניקן מיט אַלע איבעריקע פעלקער קעגן דיר.

געדענק די אַלע פראָטים פון דער געשיכטע. מיר דערמאָנען זיי דיר היינט.

די מיצרישע פארעס האָבן געוואָלט פארניכטן אונזער פאָלק, נאָר זיי זיינען אליין אומגעקומען. מיט אונז איז געווען דער ג ר ו י ס ע ר מ ו י ש ע.

דער שלעכטער ה אָ מ אָ ן האָט געוואָלט דאָס זעלבע. ער האָט אָבער געהאט דעם זעלבן סאָף, ווייל מיט אונז איז געווען ע ס ט ע ר.

די רוסישע צארן האָבן געמאכט פאָגראָמען, האָבן געפייניקט אונזער פאָלק און זיינען אויך אָפגעווישט געוואָרן אין שטורם פון רעוואָלוציע, וועלכע איז צוגעגרייט געוואָרן דורך דעם סאָציאלן קאמף פון די פעלקער, אונטער דער פאָן פון דעם יידן קארל מארקס.

און איצט האָסטו העכקער זיך געוואָרפן אויף אונזער יידיש פאָלק. נאָר מיט אונז איז אונזער ל י ז ע מ יי ט נ ע ר. מיט אונז איז א ל ב ע ר ט א יי נ ש ט יי ן און אנדערע קינדער פון יידישן פאָלק, וועלכע דו האָסט פארטריבן, מענטשן וועלכע גאָט אליין האָט אויסגעקליבן, קעדיי זיי זאָלן ארויסרייסן פון דיין האנט דאָס טייוולאָנישע געווער וועלכע דו האָסט געגרייט צו פארכאפן די וועלט. ניין, פון דעם מאָמענט אָן, זיינען דיינע שאָען געציילטע. עס וועט קומען דיס שאָ און דו וועסט מוזן אומקומען און דיין נאָמען וועט פארשאָלטן ווערן אויף אייביק.

דיין טויט וועט זיין א יאָנטעוו פאַר דער גאנצער מענטשהייט.

דאָס וועט זיין אונזער צווייטער פורים, ווען וועלכן דו האָסט דערמאָנט אין דיינע לעצטע רעדעס, דו נ י ד ע ר ט ר ע כ ט י ק ע ר ס ו י נ ע אונזערער.

נאָר דאָס האָט געקענט זאָגן אונזער מארטירער פאָלק, אלץ ענטפער צו זיינע בלוטיקע טאַליאָנים.

דאָס איז דער ענטפער פון דער געשיכטע. מיר וועלן איצטער האָבן צוויי פורימס :

נאָך האָמאָנען און נאָך היטלערן.

און עס וועט קומען דער טאָג, ווען דאָס יידישע פאָלק, וועט ווי א געזעצלעכער באַלעבאָס פון זיין לאַנד, „ערעץ ייסראָעל" דאָס יידישע פאָלק, וואָס קעמפט פאַר דער אומאָפּהענגיקייט פון זיין לאַנד, וועט אריינגיין אַלס מיטגליד אין דער מישפּאָכע פון די פעלקער אין די קומענדיקע פאַרייניקטע שטאַטן פון דער גאַנצער וועלט, צו וואָס די גאַנצע מענטשהייט וועט סאָף קאָל סאָף אמאָל זיכער דערגיין.



עס גרייט זיך צום דרוק דאָס צווייטע בוך :

# גאט האט געהאלפן

דערציילונג   אויף דער טעמע :

גאָט, ליבע, דער מענטש אין זיין קאמף און ליידן פאר דער אידעע פון ברידערלעכקייט און צוזאמענארבעט אין לויף פון צוויי עפּאָכן.

א י נ ה א ל ט :